ארטור שניצלער.

# עפיזאד

פֿון בוך („אנאטאל")

קאָמעדיע אין 1 אקט.

יודיש דורך זלמן זילבערצוויג.

תרע"ט
1919.






פערזאנען:

אנאטאל.
מאקס.
ביאנקא.

Drukarnia Piment i Szwabe, Warszawa, Sierakowska 4.

מאקס'ס צימער, אין טונקעלע פארבען. טונקעלע רויטע טאפעטען, טונקעל־רויטע פּאָרטיערען. אין דער טיעף פון דער ביהנע אין דער מיט — א טיר אויף לינקס פון צושויער — א צווייטע טיר. אין דער מיט צימער א גרויסער שרייב־טיש; אויף איהם שטעהט א לאָמפּ מיט א באָזשור; ס'ליגען ביכער און שרייב־מאטעריאלען. אויף דער רעכטער זייט פון אוואנסצענע א הויך פענסטער. אין רעכטען ווינקעל א אויוועז, אין וועלכען ס'טליהט א פייער. נעבען אויוען 2 נידריגע שטולען. צוגערוקט צו זיי שטעהט א טונקעל רויט שפאניש ווענטעל.

מאקס (זיצט בים טיש, הויבערט א סיגאר און לעזט א בריעף): „טייערער מאקס! איך בין ווידער דאָ. אונזער טרופּע, ווי איהר ווייסט ווארשיינליך פון די צייטונגען, בלייבט דאָ דריי חדשים. דער ערשטער אָוונד איז געווידמעט דער פריינדשאפט. היינט אין אָוונד וועל איך זיין ביי אייך. ביבי...״ ביבי... אך, דאָס איז דאָך ביאנקא... אויסגעצייכענט, איך וועל ווארטען... (ס'קלאפּט) זאָל זי עס שוין זיין?... ארײן!

אנאטאל (קומט ארײן מיט א גרויסען פּאקעט, זעהט־אויס טרויעריג): גוטען אָוונד!

מאקס: וואָז האָסטו עס?

אנאטאל: איך זוך אַ היים פאר מיין פערגאנגענהייט.

מאקס: וואָס מיינסטו דערמיט?

אנאטאל (דערלאנגט איהם די ראל פּאפּיר).

מאקס: נו?

אנאטאל: איך ברענג דיר דאָ מיין גאנצע פערגאנגעהייט, די חלומות פון מיין גאנצע יוגענד: בעהאלט זיי ביי דיר.

מאקס: ביטע זעהר. נור דו וועסט דאך מיר, געוויס, ער־

קלערען געוויער?

אנאטאל: קאָן איך זיך זעצען?

מאקס: וואָס פאר'ע פראגע. פארוואָס ביזטו עפּעס אזוי יום-טוב'דיג?

אנאטאָל (זעצט זיך): כ'מעג פערזוכען א סיגאר?

מאקס: ביטע! אָט דאָזטו א פרישע סיגאר.

אנאטאָל (פערזוכעט א פאַרגעלענטע סיגאר): אך-גרויסארטיג!

מאקס (אָנווייזענדיג אויפ'ן פאקעט, וועלכען אנאטאָל האָט אַהינגעלעגט אויפ'ן שרייבטיש): וועגען וואָס האנדעלט עס זיך?

אנאטאָל: פאר די דאָזיגע יוגענד-חלומות איז אין מיין וואוינונג מעהר נישטאָ קיין אָרט! איך פאָהר אוועק.

מאקס: אַ!

אנאטאָל: איך הויב אָן א נייע לעבען אויף אנ'אונבעשטימטע צייט. צו דעם צוועק מוז איך זיין פריי און אליין, אונצוליב דעם רייס איך איבער מיט דער גאנצער פערגאנגענהייט.

מאקס: הייסט עס, אז דו האָסט אַ נייע געליבטע?

אנאטאָל: ניין — איך האָב נאָר דערווייל אוועקגעוואָרפען די אלטע... (רייסט האסטיג איבער אין מיטן-אָן אויפ'ן פאקעט) איך וויל ביי דיר, ליבער פריינד, איבערלאָזען דאָס גאנצע ביסעל מיסט. דו זאָלסט עס היטען.

מאקס: דו זאָגסט, מיסט! פארוואָס פערברענסטו עס בעסער נישט?

אנאטאָל: איך קאָן נישט.

מאקס: דאָס איז קינדיש.

אנאטאָל: דאָס איז א כפּעציעלע ארט טרייהייט מיינע. איך קאָן נישט פערגעסען קיין איינע פון די אלע, וועלכע איך האָב געליבט. ווען איך הויב אָן דורכצוואָרפען די אלע בריעף, בלומען און לאָקען — דו ווערסט דאָך מיר ערלויבען א מאָל צוצוקומען צו דיר, כדי זיי א ביסעל דורכצוווארפען — בין איך ווידער מיט זיי, לעבען זיי ווידער אויף און איך לעב ווידער איבער מיין ליבע צו זיי

מאקס: דו ווילסט, הייסט עס, ביי מיר אין וואוינונג דיר איינאָרדנען בגעגניטען מיט דיינע פריהערדיגע געליבטע?

אנאטאָל (כמעט נישט הערענדיג): טיילמאָל פֿאַלט מיר איין...
אָ, ווען ס'וואָלט עקזיסטירט עפּעס א מאגיש וואָרט און זיי וואָלטען
ידער אלע געקאָנט ערשיינען. ווען איך וואָלט געקאָנט מיט עפּעס
א כשוף-וואָרט ארויסרופֿען זיי צום לעבען פֿון זייער נישט עקזיסטענץ.

מאקס: די דאָזיגע נישט עקזיסטענץ וואָלט, ווארשיינליך, געווען זעהר פֿערשידענארטיג.

אנאטאָל: יאָ, יאָ... שטעל דיר פֿאָר, אז איך זאָג ארויס דאָס דאָזיגע וואָרט...

מאקס: און אפֿשר וועט זיך ביי דיר געפֿונען דאָס מאגישע וואָרט... נו, צום ביישפּיל: „אָ, דו איינציגע, וועלכע איך ליב.“

אנאטאָל: יאָ, טאקע, איך וויל ארויסשרייען: „אָ, דו איינציגע וועלכע איך ליב...!“ און פּלוצלונג וועלען זיי זיך בעווייזען: איינע פֿון עפּעס א קליין הייזעל פֿון דער פֿארשטאדט, א צווייטע פֿון איהר מאנ'ס א פּרעכטיגען סאלאָן, א דריטע פֿון דער טעאטער-גארדעראָבע..

מאקס: אזעלכע זענען פֿערהאן מעהר!

אנאטאל: מעהר — ריכטיג... א פֿירטע פֿון א מאדע מאגאזין.

מאקס: א פֿינפֿטע פֿון די ארעמס פֿון איהר נייעם ליבהאָבער...

אנאטאל: א זעקסטע פֿון קבר... א זיבעטע פֿון ערגעץ וואו ס'איז, א אכטע... און אלע קומען זיי זיך דאָ צוזאמען...

מאקס: זאָג בעסער נישט ארויס דיין כשוף-וואָרט, די דאָזיגע פֿערזאמלונג קאָן ווערען נישט אנגענעהם. ס'קאָן זיין, אז זיי האָבען דיך אלע אויפֿגעהערט צו ליבען — נאר קיין איינע פֿון זיי האָט נישט אויפֿגעהערט צו זיין אייפֿערזיכטיג אויף דיר.

אנאטאָל: א זעהר קלוגע עצה... לאָמיר זיי לאָזען אין זייער רוה.

מאקס: הייסט עס, אז איצט דארף מען אויסזוכען א אָרט פֿאר'ן דאָזיגען פּרעכטיגען פּאקעט.

אנאטאָל: איצט וועט מען איהם עפֿנען. (רייסט אויף דעם פּאקעט; ס'בעווייזען זיך זאָרגפֿעלטיג צונעבונדענע פּעקלעך מיט בענדלעך).

מאקס: א!

אנאטאָל: אלץ איז אין בעסטען אָרדנונג.

מ א ק ס : לויט די נעמען?

א נ א ט א ל : אָ ניין. יעדעס פעקעל האָט עפּעס א אויפשריפט: לידער, ווערטער, א בעמערקונג, וועלכע רופט ארויס אין מיין זכרון דאָס איבערגעלעבטע. קיין שום נאמען נישט; ווארום מאריע אדער אננא קאָן זיך דאָך יעדע איינע רופען.

מ א ק ס : לעז עפּעס איבער.

א נ א ט א ל : וועל איך אייך אַלע דערקענען? אויף פיעל פון די זאכען, וועלכע ליגען דאָ, האב איך שוין איינינע יאָהר נישט געקוקט.

מ א ק ס (נעמט איין פּעקעל אין האנד און לעזט די איבערשריפט):

דו כשפים-פול, מיין שענץ ווילדע,
לאָז קלאמערן דיך אין מיינע אָרעם, —
און ס׳העלזועל, הערליכע מאטילדע
ווי קאָן איך קושען דיך מיט שטורם!

און אָט איז ווי זי הייסט — מאטילדא!

א נ א ט א ל : יאָ, מאטילדא. — איבריגענס, מ׳האָט זי אויך אנדערש גערופען. איך פלעג זי שטענדיג קושען אין האלז.

מ א ק ס : ווער איז זי?

א נ א ט א ל : פרעג נישט... זי איז געלעגען אין מיינע אָרעמס, און דאָס איז גענוג.

מ א ק ס : נו, לאָמיר מער נישט ריידען וועגען מאטילדא׳ן. דאָס פּעקעל איז איבריגענס זעהר דין.

א נ א ט א ל : יאָ, אין איהם געפינט זיך נאָר אַ לאָק.

מ א ק ס : און קיין איין בריף נישט?

א נ א ט א ל : פון איהר? דאָס וואָלט איהר פערשאפט פיעל ארבייט. און אויסערדעם וואָס וואָלט פון אונז געוואָרען, ווען אלע פרויען וואָלטען אונז געשריבען בריף.

מ א ק ס (לעזט די איבערשריפט אויף א צווייט פעקעל): „אין איין הינזיכט זענען אלע פרויען גלייך: זיי ווערען פרעך, ווען מ׳כאפּט זיי ביי א ליגען“.

א נ א ט אָ ל : יאָ, דאָס איז אמת!

מ א ק ס : ווער איז זי געווען? א שווער פעקעל!

אנאטאָל: אכּט זייסען פיל מיס ליגענס! ווארף עס אוועק!
מאקס: זי איז אויך געווען פרעך?
אנאטאָל: ווען איך האָב זי געפאקט. ווארף זי אוועק.
מאקס: יאָ, מיר וועלען אוועק ווארפען די פרעכע ליגנערין.
אנאטאָל: בעליידיג זי נישט. זי איז געלעגען אין מיינע אָרעמס: זי איז אונבעריהרליך.
מאקס: נו, יאָ, א גענוגענדער מאָטיוו. נאָר לאָמיר וויטער לעזען. (לעזט ווייטער־)

ווען נאָר איך וויל מיין בענקעניש פערטרייבען
דערמאָנט זיך אין זכרון שטענדיג מיר דיין מאן.
און פלוצלונג: שטראלט אין פנים אויף א שמייכעל
צו ווייזען די נשמה איז דאָך וואָס פארהאן.

אנאטאָל: אך, יאָ, דאָס איז די.
מאקס: א — וואָס איז דאָס?
אנאטאָל: א פאטאגראפיע. זי מיט׳ן תתן.
מאקס: דו האָסט איהם געקענט.
אנאטאָל: פערשטעהט זיך, אז נישט וואָלט איך דאָך נישט געשמייכעלט. ער איז געווען א נאר.
מאקס (ערנסט): ער איז געלעגען אין איהרע אָרעמס: ער איז אונבעריהרליך.
אנאטאָל: נו, גענוג!
מאקס: לאָמיר איבערלאָזען די פריהליכע שטיפערין מיט איהר לעכערליכען חתן. (נעמט א נייע פעקעל) וואָס איז דאָס? נאָר איין וואָרט?
אנאטאָל: וואָס?
מאקס: א „פאטש״.
אנאטאָל: יאָ, איך געדענק.
מאקס: דאָס איז, ווארשיינליך, געווען צום סוף?
אנאטאָל: אָ, ניין, אין אָנהייב.
מאקס: אזוי! און אָט איז... „ס׳איז לייכטער צו ענדערן די ריכטונג פון פלאמען, ווי זי אָנצוצינדען״. וואָס בעדייט דאָס?
אנאטאָל: נו, יאָ, איך האָב געענדערט די ריכטונג פון

די פלאמ[ע]ן און אָנגעצונדען האָט זיי א אנדערער.

מאקס: נו לאָמיר דאָס אריינוואַרפֿען פאר די פלאמען... „שטענדיג די צוואנג אין טאש" (קוקט פֿרענענד אויף אנאטאָל).

אנאטאָל: נו, יאָ; זי פלעגט שטענדיג מיטנעמען מיט זיך א צוואנג — אויף יעדען פאל. נאָר זי איז געווען זעהר שעהן. ביי מיר איז פון איהר געבליבען נאָר א שטיקעל פון איהר וואואל!

מאקס: יאָ, קענטיג אזוי. (לעזט ווייטער) „ווי אזוי האָב איך דיך פערלוירען?" ווי אזוי האָסטו זי טאקע פערלוירען?

אנאטאָל: דאָס ווייס איך נישט. זי איז פערשוואונדען — זי איז אונ[ט]ערוואַרטעט פערשוואונדען פון מיין האָריזאָנט. נו, יאָ, דאָס טרעפט דאָך טיילמאָל. פונקט אזוי, ווי צום ביישפּיל, דו לאָזט ערגעץ וואו איבער א שרים און ערשט אין אייניגע טעג ארום דערמאנסטו זיך... און דו ווייסט נישט, וואו און ווען.

מאקס: נו, זאָלען די גוטע יאָהר נעמען אָט די פערלוירע-נע. (לעזט ווייטער). דו ביזט געווען „אַ וואויל און ליב קינד".

אנאטאָל (פֿערבענקט): „דאָס מיידעל מיט די צושטאָכענע פינגער".

מאקס: דאָס איז געווען קאָרא — נישט אמת?

אנאטאָל: יאָ — דו ביזט דאָך געווען בעקאַנט מיט איהר.

מאקס: און דו ווייסט וואָס ס'איז שפּעטער מיט איהר געוואָרען?

אנאטאָל: איך האָב זי שפּעטער ווידער געטראָפען — אלס פרוי פון א טישלער.

מאקס: אזוי!

אנאטאָל: דאָס איז שטענדיג דער סוף פון די מיידלעך מיט די צושטאָכענע פינגער. אין דער שטאָדט ליבט מען זיי און אין די פאָרשטעדט האָבען זיי חתונה. דאָס איז געווען א פרעכטיג מיידעל!

מאקס: נו, ווייטער! וואָס איז דאָס? „עפּיזאָד", אינווענינג איז. קענטיג, לעדיג?... שטויב!

אנאטאָל (נעמט אין דער האנד אריין דעם קאָנווערט): שטויב?... אמאָל איז דאָרט געלעגען א בלימעל!

מאקס: וואָס הייסט עס א „עפּיזאָד“?

אנאטאָל: אך, גאָרנישט, א געדאנק. וועלכער איז מיר צופעליג געקומען אין קאָפּ אריין. דאָס איז געווען נאָר א עפּיזאָד, א ראָמאַן, וואָס האָט געדויערט 2 שעה... און מער גאָרנישט! יאָ, שטויב!... און פון דעם גאנצען גליק איז מעהר נישט געבליבען... טרויריג — נישט אמת?

מאקס: יאָ, ווירקליך טרויריג... נאָר ווי אזוי איז דיר איינגעפאַלען דאָס דאָזיגע וואָרט? מיר דאַכט זיך, אז מ'האָט אויף אלע געקאָנט מאַכען אזא אויפשריפט?

אנאטאָל: אמת; נאָר קיינמאָל איז מיר נישט איינגעפאלען דער דאָזיגער געדאנק ווי אין דאָזיגען פאַל. אָפט, ווען איך האָב געהאט א געוויסע פערבינדונג, איבערהויפּט אין די פריהערדיגע צייטען, ווען איך האָב זיך נאָך געהאלטען שיער נישט פאר א גרויסען מענש, האָב איך נישט ווילענדיג געטראַכט: אָרים, אומגליקליך קינד!...

מאקס: פאַרוואָס?

אנאטאָל: דערפאר ווייל מיר האָט זיך געדאַכט, אז איך געהער צו די שטארקע גייסטער, אז די אלע מיידלעך און פרויען... איך האָב זיי דערשטיקט ווען איך האָב זיי געטראָפען אויף מיין לעבענסוועג. אזוי זיין דאָס געזעץ פון דער נאטור, האָב איך זיך געטראַכט — און איך דארף אריבער שפרייזען איבער זיי.

מאקס: דו ביזט געווען א שטורם-ווינד, וואָס קעהרט אָב די בלומען... נישט אמת?

אנאטאָל: יאָ! איך האָב זיך דורכגעטראָגען ווי א שטורם ווינד. דערפאר פלעג איך דאָס טראַכטען: אָרעם, אומגליקליך קינד. נאטירליך האָב איך געהאט א טעות. איצט ווייס איך, אז כ'געהער נישט צו די גרויסע און, וואָס ס'איז בעזונדערס שמערצליך, אז כ'דארף זיך נישט טועה זיין אויפ'ן דאָזיגען חשבון. נאָר דאן...

מאקס: אָבער וואָס בעווייזט דאָס „עפּיזאָד“?

אנאטאָל: יאָ, דאָס איז אזוי געווען... זי האָט זיך מיר צופעליג געשטעלט אין מיין וועג.

מאקס: און דו האָסט זי צוטרעטען.

אנאטאָל: יאָ — זי, דאַכט זיך, האָב איך ווירקליך צו-

טרעטען.

מאקס: א!

אנאטאָל: יאָ, אָבער הער נאָר אויס... דאָס איז אייגענט-ליך דאָס בעסטע פון אלעם וואָס איך האָב איבערגעלעבט... איך קאָן דיר דאָס נישט דערצעהלען...

מאקס: פארוואָס?

אנאטאָל: דערפאר, ווייל די גאנצע געשיכטע איז אזוי איינפאך, ווי מ'קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען... זי בעזיצט נישט... קיין שום בעזונדערעס... דו וועסט נישט פערשטעהן די דאָזיגע שעהנ-הייט.

מאקס: נו...?

אנאטאָל: שטעל דיר פאָר. איך זיץ ביי דער פיאנא... א צימער, אין וועלכען איך האָב דעמאָלס געוואוינט... אָווענד צייט... איך בין מיט איהר בעקענט ערשט צוויי שעה... ס'ברענט מיין לאמ-טערן מיט די גרינע און רויטע גלעזלעך — איך דערמאָהן דעם דאָזיגען לאמטערן, ווייל ער שפילט דאָ מיט א געוויסע ראָלע.

מאקס: נו?

אנאטאָל: נו! זיך איך מיר אזוי ביי דער פיאנא. זי ליגט ביי מיינע פיס, אזוי, אַז איך קאָן נישט צוקומען צום פעדאל. איהר קאָפּ ליגט אויף מיינע קניען, און איהרע געפלאָכטענע האָר גלאַנ-צען זאָ מיט'ן גרינעם, דאָ מיט'ן רויטען ליכט פון דער לאמטערן. איך פאנטאזיר אויף די קלאווישען, נאָר מיט דער איינ'ר לינקער האנד, די רעכטע דריקט זי צו צו איהרע ליפּען.

מאקס: נו?

אנאטאָל: דו שטענדיג מיט דיינע אבוואַרטענדע „נו"... אייגענטליך איז מעהר גאָרנישט... איך האב זיך מיט איהר געקענט ערשט צוויי שעה, איך האָב געוואוסט, אַז נאָכ'ן דאָזיגען אָווענד וועל איך זי, וואַרשיינליך, מעהר קיינמאָל נישט זעהען — זי האָט עס מיר אליין געזאָגט — און איך האָב אין דאָזיגען מאָמענט גע-פיהלט, אז זי ליבט מיך אָהן א שיעור. איך בין געווען איינגאנצען פערכאפט פון דאָזיגען געפיהל — די גאנצע לופט איז געווען פער'שכור'ט און געטעמט מיט'ן אראמאט פון דער דאָזיגער ליבע...

רו פערשטעהסט? (מאקס שאָקלט מיט'ן קאָפּ) און פלוצלונג איז מיר אין קאָפּ ווידער איינגעפאַלען א נארישע גאוה'דיגער געדאנק: אָרים, אומגליקליך קינד. און איך אנערקען דייטליך ווי צופעליג די גאַנצע זאך איז. איך פיהל אויף מיין האנד דאָס הייסע עטעמען פון איהר מויל, נאָר איך האָב שוין אלץ איבערגעלעבט אין מיין פאַנטאזיע. אלץ איז שוין געווען געענדיגט. און זי איז ווידער געוואָרען פאר מיר איינע פון די, איבער וועלכע איך מוז אריבער שפרייזען. אָט דעמאָלט איז עס מיר איינגעפאלען דאָס דאָזיגע וואָרט, דאָס גרויזאמע וואָרט „עפּיזאָד". און אין דער צייט האָב איך זיך אליין בעטראכט אלס א אייביגען... איך האָב געוואוסט. אז דאָס „אָרימע אומגליקליכע קינד" וועט קיינמאָל נישט פערגעסען די דאָזיגע שעה'ן, איך האָב עס אין איהר געפיהלט. טיילמאָל אין אזעלכע פאַלען פיהלכטו דייטליך, אז „מארגען אין דער פריה וועט זי דיך פערגעסען". דעמאָלט אָבער איז געווען גאָר עפּעס אנדערש. פאר די וועלכע איז געלעגען ביי מיינע פיס, בין איך געווען א גאנצע וועלט, איך האָב געפיהלט מיט וואָס פאר'ע אונענדליכע און אונבעגרעניצטע ליבע זי האָט מיך אין דאָזיגען מאָמענט ארומגענומען. דאָס פיהלט זיך: פאר מיר איז דאָס געווען זעהר קלאָר. אין דאָזיגען מאָמענט האָט זי, זיכער, נישט געקאָנט וועגען עפּעס אנדערש טראכטען, זי האָט געטראכט וועגען מיר — נאָר וועגען מיר. פאר מיר אָבער איז זי שוין געווען עפּעס פערגאַנגענעס, פאראיבערגעהענדעס, פשוט א עפּיזאָד.

מאקס: וואָס איז זי אייגענטליך געווען?

אנאטאָל: וואס זי איז געווען? דו האָסט דאָך זי געקענט.

— מיר האָבען זיך מיט איהר בעקענט איינמאָל אין אָווענד אין א לוסטיגע געזעלשאפט, און דו האָסט זי, ווי דו האָסט ערקלערט, נאָך פריהער געקענט.

מאקס: אָבער ווער איז זי דאָס אזעלכע? ווייניג מיידלעך האָב איך געקענט פון פריהער. דו שילדערסט דאָך זי ביים ליכט פון דיין לאמטערן, כמעט א לעגענדאריש בילד.

אנאטאָל: יאָ — אין דער ווירקליכקייט איז זי נישט געווען אזא. דו ווייסט, ווער דאָס איז געווען? — איך וועל באלד

צושטערן די גאנצע בעצויבערונג.

מאקס: הייסט עס, זי איז געווען — ?

אנאטאָל (שמייכלענדיג): זי איז געווען אָנגעשטעלט אין..

מאקס: אין טעאטער?

אנאטאָל: ניין — אין צירק.

מאקס: ס׳קאָן נישט זיין!

אנאטאָל: יאָ, דאָס איז געווען ביאנקא. איך האָב דיר ביז היינט נישט דערצעהלט, או איך האָב זי נאָך געטראָפען נאָכ׳ן דאָזיגען אָוועגד און זי האָט אויף מיר נישט געמאכט קיין שום איינדרוק.

מאקס: און דו מיינסט ווירקליך, אז ביבי האָט דיך געליבט?...

אנאטאָל: יאָ, זי — זיכער. אין אכט אָדער צעהן טאָג ארום נאָכ׳ן דאָזיגען יום-טוב האָבען מיר זיך געטראָפען אויפ׳ן גאס.. צו מאָרגענס איז זי מיט דער טרופע אָבגעפאָהרען קיין רוסלאנד.

מאקס: דער מאָמענט איז, הייסט עס, געווען דער פאסיגסטער.

אנאטאָל: איך האָב פרידער געוואוסט, אז פאר דיר וועט אלץ זיין צושטערט. דו קאָנסט נאָך נישט פיהלען דעם אמת׳ן סוד פון דער ליבע.

מאקס: טאָ אין וואָס געפונסטו דו דאָס רעטעניש פון דער פרוי?

אנאטאָל: אין דער שטימונג.

מאקס: אך — דו דארפסט האָבען דעמערונג, דיין לאמטערן מיט די גרינע און רויטע גלעזער... דיין שפילען אויף דער פיאנא.

אנאטאָל: יאָ, ריכטיג. דאָס אלץ גיט מיין לעבען אזוי-פיעל פערשידענקייט און אלערליי פערוואנדלונגען, אז איין פארב קאָן מיר פערטוישען די גאנצע וועלט. וואָס איז פאר דיר און פאר טויזענדער דיינסגלייכען דאָס דאָזיגע מיידעל מיט די גלאנצענדע האָר, וואָס פאר׳ע בעדייטונג האָט ביי אייך דער לאמטערן פון וועלכען דו שפעטסט אָב! אַ צירק-רייטערין און א רויט-גרין גלאָז מיט אנ׳אָנגעצונדען ליכט! וואָס איז דאָ פארהאַן פאר׳ע בעצויבערונג? לעבען, נאטירליך, קאָנט איהר, נאָר איבערלעבען קאָנט איהר גאָר-

נישט. איהר לאָזט זיך גראָד אריין אין עפּעס א געשעהעניש, מיט א פערמאכטע נשמה, און זי ווערט פאר אייך מאָנאַטען! נאָר פון מיין נשמה, יאָ. פון מיר שטראָמט א שטראהל פון טויזענדער פּייערס און פארבען, און איך קאָן פיהלען דאָרט, וואו איהר געניסט נאָר.

מאקס: דיין „שטימונג" איז ווירקליך א בעצויבערענדע קוועלע. די אלע, וועלכע דו ליבסט, נעמען זיך פריהער דערמיט איבער און גיבען צו דיינע אוואנטורעס א בעזנדערען חן און שעהנקייט, מיט וועלכען דו אליין בערוישט זיך...

אנאטאָל: דו קאָנסט דיר די זאך פערשטעהן, ווי דו ווילסט.

מאקס: און וואָס אנבעלאנגט דיין צירק-רייטערין איז דיר שווער מיר צו בעווייזען, אז זי האָט ביים שיין פון גרין-רויטען לאמטע־ן געפיהלט אזעלכע געפיהלען ווי דו.

אנאטאָל: איך האָב אָבער געפיהלט, וואָס האָט זי געפיהלט ווען זי איז געלעגען אין מיינע אָרעמס.

מאקס: איך קאָן דאָך אָבער אויך דיין ביאנקע און נאָך

אנאטאָל: בעסער ווי דו?

מאקס, יאָ, בעסער. דערנאר וויייל מיר האָבען נישט געליבט איינער דעם אנדערן. פאר מיר איז זי נישט געווען קיין לעגענדאריש געשטאלט, פאר מיר איז זי פשוט איינע פון די טויזענדער געפאלענע, וועלכע די פאנטאזיע פון א טרוימער בעשענקט מיט א נייער אונשולד. פאר מיר איז זי נישט בעסער ווי הונדערטער אנדערע, וועלכע שפּרינגען דורך די רייפען אָדער שטעהען אין די קורצע קליידלעך אלס כטאכיסטקעס אין א פאנטאָמינע.

אנאטאָל: אזוי... אזוי...

מאקס: זי האָט אויך נישט געהאט קיין שום בעזונדערעס. נאָר איך האָב געזעהן וואָס זי איז אין דער ווירקליכקייט, און דו האָסט אין איהר געפונען דאָס, וואָס זי האָט בכלל נישט. פון דיין רייך און שעהן לעבען האָסטו איבערגעגאָסען דיין פאנטאסטישע יוגענדהייט און טעמפעראמענט אין איהר נישטיג הארץ — און דאָס וואָס האָט פאר דיר א בליץ געטהון, איז געווען אנ'אָנבלאנק פון דיין אייגען ליכט.

אנאטאָל: ניין. דאָס פּלעגט טאקע מיט מיר טיילמאָל טרע־פּען, נאָר דאָס מאָל איז נישט אזוי דער פאַל. איך וויל זיך זי נישט פאָרשטעלען בעסער, ווי זי איז געווען. איך בין נישט געווען דער ערשטער און נישט דער לעצטער ... איך בין געווען...

מאקס: ווער ביזטו דאָס אזוינס געווען?... איינער פון פיעל. זי איז געלעגען אין דיינע אָרעמס פונקט אזוי ווי אין די אָרעמס פון אנדערע... א פרוי אין מאָמענט פון איהר העכסטע ראָלע.

אנאטאָל: צו וואָס האָב איך מיט דיר אזויפיעל גערעדט? דו פערשטעהסט מיך נישט.

מאקס: אָ, ניין. דו האָסט מיך שלעכט פערשטאנען. איך האָב נאָר געוואָלט זאָגען, אז דו האָסט, אפשר, געפיהלט די גרעסטע בעצויבערונג אין דער צייט, ווען זי האָט געפיהלט דאָסזעלבע וואָס זיין פיעל אנדערע פאַלען און דערצו נאָך פריהער. דו מיינסט אז פאַר אידר איז אויך די וועלט געווען אזוי הערליך?

אנאטאָל: דו האָסט זי זעהר גוט געקענט?

מאקס: יאָ. מיר פלעגען זיך אָפט טרעפען אין דער לוס־טיגער געזעלשאפט, אין וועלכע דו ביזט אמאָל אריינגעפאלען מיט מיר.

אנאטאָל: און דאָס איז אלץ?

מאקס: אלץ. נאָר מיר זענען געווען גוטע פריינד. זי איז געווען א שאַרפזיניגע; מיר האָבען גערן געפלוידערט איינער מיט'ן אנדערן.

אנאטאָל: און דאָס איז אלץ?

מאקס: אלץ.

אנאטאָל: און זי האָט...מיך פאָרט געליבט...

מאקס: לאָמיר ווייטער לעזען... (נעמט אין דער האנד יאָס פעקעל) „אָ, זי, גרינע איגען, ווען איך וואָלט געוואוסט די בעדייטונג פון דיין שמייכעל"...

אנאטאָל: לאָמיר ריידען צו דער זאך: דו ווייסט אז די גאנצע טרופּע איז ווידער אהערגעקומען צו פאָהרען?

מאקס: יאָ, און זי איז אויך דאָ.

אנאטאָל: בעט־מט?

מאקס: זָהן ספק, און איך וועל זי זָגאר זעהן היינט אין אָוועגד.

אנאטאָל: וואָס? דו? דו ווייסט וואו זי וואוינט?

מאקס: ניין. זי האָט מיר געשריבען, אז זי וועט קומען צו מיר.

אנאטאָל (אויפשפרינגענדיג פון שטול): וואָס? און דו זאָגסט עס מיר ערשט איצט?

מאקס: וואָס אינטערעסירט עס דיך? דו ווילסט דאָך זיין „פריי און איינזאם".

אנאטאָל: הער אויף!

מאקס: און אויסערדעם איז נישט פארהאן קיין שמערצליכערע זאך ווי א אויפגעפרישטע בעצויבערונג.

אנאטאָל: דו האלסט, אז?

מאקס: איך האלט, אז דו דארפסט היטען מיט איהר זיך נישט צו טרעפען.

אנאטאָל: דערפאר ווייל זי קאָן ווידער ווערען געפעהרליך פאר מיר?

מאקס: ניין — נאָר דערפאר ווייל דעמאָלט איז דיר געווען אזוי גוט. געה בעסער אהיים מיט דיינע זיסע עראינערונגען. מ׳דארף נישט אזעלכע זאכען איבערלעבען נאָך אמאָל.

אנאטאָל: דו קאָנסט דאָך נישט ערנסט מיינען, אז איך דארף זיך אָבזאָגען פון דער בעגעגעניש, ווען איך קאָן דאָ איצט אזוי לייכט האָבען מיט איהר.

מאקס: זי איז קלוגער פאר דיר. זי האָט דיר נישט געשריבען... איבריגענס, קאָן זיין דערפאר ווייל זי האָט דיך פערגעסען.

אנאטאָל: נארישקייטען!

מאקס: דו האלסט דאָס פאר אונמעגליך?

אנאטאָל: איך לאך דערפון.

מאקס: לאך, לאך.

אנאטאָל: אך, די שעה וועלכע מיר האָבען דעמאָלט איבערגעלעבט!

מאקס: נו?

אנאטאָל: דאָס איז געווען איינע פֿון די שעה'ן, וועלכע בלייבען אייביג אין זכרון.

מאקס: איך הער געהן אין קאָרידאָר.

אנאטאָל: ס'קאָן זיין, אז דאָס איז זי.

מאקס: געה אוועק — געה אַרויס דורך מיין שלאָפֿצימער.

אנטאָל: וואָס בין איך משוגע געוואָרען, צי וואָס?

מאקס: געה בעסער אוועק. — צו וואָס ווילסטו צושטערען דיין חלום?

אנאטאָל: איך בלייב דאָ. (ס'דערהערט זיך א קלאפּ)

מאקס: געה אוועק: געה זאָפֿאָרט אוועק!

אנאטאָל (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ).

מאקס: טאָ שטעל דיך דאָ אוועק, אז זי זאָל דיך, כאָטש, נישט באלד דערזעהען — (שטופּט איהם צו צום אויווען אזוי אז ער איז געוויסערמאסען פֿערשטעלט מיט'ן שפּאנישען ווענדטעל)

אנאטאָל (אָבלעהנענדיג זיך אויפ'ן אויווען): זאָל זיין. (ס'דערהערט זיך ווידער א קלאפּ).

מאקס: אריין!

ביאנקא (קומט אריין און רעדט אויפגעלעבט): גוטען אָוועגד, טייערער פֿריינד, און אָט בין איך ווידער צוריקגעקומען.

מאקס (דריקענדיג איהר די הענד): גוטען אָוועגד, טייערע ביאנקא. דאָס איז, עהרענוואָרט, זעהר שעהן פֿון אייער זייט, זעהר שעהן!

ביאנקא: איהר האָט בעקומען מיין בריעף? איהר זענט דער ערשטער און דער איינציגער.

מאקס: איהר קאָנט זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלען, ווי איך בין שטאָלץ דערויף.

ביאנקא: נו, און וואָס מאכען די איבריגע, אונזער געזעלשאפט? זי עקזיסטירט נאָך ווייטער? מיר וועלען זיך ווייטער צוזאמענקומען יעדען אָווענד נאָך דער פֿאָרשטעלונג?

מאקס (העלפֿט איהר זיך אויסטון): ס'זענען געווען אווענדען, ווען איהר פֿלעגט אהין נישט קומען.

ביאנקא: נאָך דער פֿאָרשטעלונג?

מאקס: יאָ, ווען איהר פלעגט באלד נאָך דער פֿ,רשטעלונג. ערגעץ וואו פערשוואונדען.

ביאנקא (שמייכלענדיג): א, יאָ... ריכטיג... ווי גוט ס'איז, אז מ'רעדט אזוי איינפאַך — אָהן שום אייפערזוכט! מ'דארף שטענ-דיג האָבען אזעלכע פריינד ווי איהר...

מאקס: יאָ, יאָ, געוויס.

ביאנקא: וועלכע ליבען און קוועלען נישט.

מאקס: און דאָס האָט ביי אייך זעלטען געטראָפען!

ביאנקא (בעמערקענדיג אנאטאָל'ס שאָטען): איהר זענט נישט אליין.

אנאטאָל (געהט ארויס און פערנייגט זיך).

מאקס: א אלטער בעקאנטער.

ביאנקא (אויפהויבענדיג א לאָרנעטע צו די אויגען): אך...

אנאטאָל (צוגעהענדי'ג נענטער:) פֿריילין...

מאקס: א סיורפריז, ביבי, הא?

ביאנקא (א ביסעל פערלעגען, זי בעמיהט זיך, קענטיג, עפּעס צו דערמאָנען): אך—מיר זענען דאָך ווירקליך בעקענט.

אנאטאָל: געוויס, ביאנקא.

ביאנקא: ריכטיג — מיר זענען זיכער גוט בעקענט.

אנאטאָל (דריקט אויפגערעגט מיט ביידע הענד איהר רעכטע האנד): ביאנקא...!

ביאנקא: וואו איז דאָס אָבער געוועזן, וואו מיר האָבען זיך געטראָפען... וואו... אך, יאָ!

אנאטאָל: איהר דערמאָנט זיך...

ביאנקא: יאָ... נישט אמת... אין פעטערבורג?

אנאטאָל (לאָזט האסטיג ארויס איהר האנד): דאָס איז געוועזן נישט אין פעטערבורג, פֿריילין... (געהט צו דער טיר)

ביאנקא (דערשראָקען, צו מאקס'ן): וואָס איז מיט איהם?.. איך האָב איהם בעליידיגט?

מאקס: ער אנטלויפט... (אנאטאָל פערשווינדט אין דער היגע-מערשטער טיר)

ביאנקא: אָבער וואָס בעדייט דאָס?

מאקס: איהר האָט איהם דען נישט דערקענט?

ביאנקא: כ'האָב איהם יאָ דערקענט... נאָר כ'קאָן זיך נישט גוט דערמאָנען וואו און ווען?

מאקס: אָבער, ביבי, דאָס איז דאָך געווען אנאטאָל!

ביאנקא: אנאטאָל?... אנאטאָל?..

מאקס: אנאטאָל... די פּיאנא... דער לאמטערן... א רויט-גריינער שיין... אָט דאָ אין דער דאָזיגער שטאָדט — מיט 3 יאָהר צוריק...

ביאנקא (גיט זיך א קלאפּ אין שטערן): וואו זענען געווען מיינע אויגען? אנאַטאָל! (צולויפענדיג צו דער טיר) איך וועל איהם צוריק רופען... (עפענט די טיר) אנאטאָל! (לויפט ארויס הינטער דער ביהנע, אין קאָרידאָר) אנאטאָל! אנאטאָל!

מאקס (שטעהט, שמייכלענדיג, דערנאָך געהט ער נאָך איהר צו צו דער טיר): נו, וואָס?

ביאנקא (צוריקקומענדיג): ער מוז שוין זיין אויף דער גאס ערלויבט! (עפענט שנעל א פענסטער): אָט געהט ער!

מאקס (הינטער איהרע פּלייצעס): יאָ, דאָס איז ער!

ביאנקא (רופט): אנאטאָל!

מאקס: ער וועט אייך נישט דערהערען.

ביאנקא (קלאפּענדיג מיט די פיס): א שאָד... איהר וועט איהם מוזען בעטען פאר מיר ענטשולדיגונג. איך האָב איהם בעליידיגט, דעם גוטען, ליבען מענש.

מאקס: איהר האָט זיך איהם דערמאנט?

ביאנקא: יאָ, פערשטעהט זיך, נאָר... ער איז זעהר עהנליך צו איינעם אין פּעטערבורג.

מאקס (זי בערוהיגענד): איך וועל איהם דאָס ערקלערען.

ביאנקא: יאָ, איהר זאָלט איהם אויך זאָגען, אז מ'טראכט נישט דריי יאָהר וועגען א מענש, און דו דערזעהסט איהם פּלוצלונג, קאָן מען נישט אלץ געדענקען.

מאקס: איך וועל פערמאכען דאָס פענסטער. ס'ציהט פון איהם א קעלט. (פערמאכט דאָס פענסטער).

ביאנקא: איך וועל דאָך איהם נאָך זעהן, אין דער צייט וואָס איך וועל דאָ פערבלייבען?

מאקס: ווארשיינליך. נאָר איך וויל אייך עפּעס ווייזען (נעמט אקאָנװערט פון שרייבּ טיש און דערלאנגט איהר).

ביאנקא: וואָס איז דאָס?

מאקס: דאָס איז א בּלימעל, וואָס איהר האָט געטראָגען יענעם אָװענד — יענעם אָװענד.

ביאנקא: ער האָט עס אַװעקגעלעגט?

מאקס: איהר זעהט דאָך.

ביאנקא: הייסט עס, אז ער האָט מיך געליבּט?

מאקס: הייס, שטארק און אייביג — אזוי ווי די אלע. (ווייזט אויף די פּעקלעך).

ביאנקא: וואָס, ווי די אלע? וואָס מיינט איהר דאָס? די אלע זענען בלומען?

מאקס: בּלומען, בּריף, לאָקען, פאָטאָגראפיעס. מיר האָבּען זיי נאָר וואָס פינאנדער געסדר'ט.

ביאנקא (אויפגעטרעטן): לויט פערשידענע אבטיילונגען?

מאקס: קענטיג, אז יאָ.

ביאנקא: טאָ אין וועלכע בין איך אריינגעפאלען?

מאקס: מיר דאכט זיך, אז אין די! (ווארפט אריין א קאָנװערט אין אויוון)

ביאנקא: אָ...

מאקס (פאר זיך): איך בין זיך פאר דיר נוקם, פריינד אנאטאָל, ווי פיעל כ'קאָן נאָר... (הויך) יאָ, אזוי איז עס, נאָר איהר דארפט זיך ניט אויפרעגען... זעצט זיך דאָ אהער נעבּען מיר און דערצעהלט מיר עפּעס פון אייער לעבּען פון די לעצטע דריי יאָהר.

ביאנקאָ: איך בין מאָמענטאל אזוי אויפגערעגט! ווען מ'נעמט אזוי אויף!

מאקס: איך בין דאָך אייער פריינד... קומט אהער, ביאנקא... דערצעהלט מיר עפּעס.

ביאנקא: (זעצט זיך אויף א שטול נעבּען אויוון) אבער וואס

מאקס: (זעצט זיך נעבּען איהר) נו, צום ביישפּיל, ווענען דעם עהנליכען אין פּעטערבּורג.

ביאנקא: א עקעלהאַפּטער.

מאקס: ... נו ...

ביאנקא (בייז) נו, וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען?

מאקס: איהר הויבט נאָר אָן... דאָס איז געווען... נו... דאָס איז געווען אין א גרויסע, גרויסע שטאָדט.

ביאנקא: (אויפגערעגט) דאָרט איז געווען א גרויסער, גרויסער צירק.

מאקס: נו, ווייטער... אין צירק איז געווען א קליינע, קליינע אקטריסע.

ביאנקא: וואָס איז געשפרונגען איבער א גרויסע, גרויסע רייף (לאַנג שטיל).

מאקס: איהר זעהט... די ערצעהלונג הויבט זיך אָן! (דער פאָרהאנג לאָזט זיך שטיל אראָב) אין דער לאָזשע... נו... אין דער לאָזשע איז געזעסען יעדען אָווענד...

ביאנקא: אין דער לאָזשע איז געזעסען יעדען אווענד א שעהנער, שעהנער... אַך.

מאקס: נו... און...!

פאָרהאַנג.

די לידער איבערזעצט דורך הערשעלע.

פערלאג „יודיש" ווארשא.

**15) זכרונות און ארטיקלען.......... וו. מעדעם.**

מיט דער ביאגראפיע און בילד פון זשיטאר.

(„אזא גלענצענדער שריפטשטעלער, ווי מעדעם, ווערט געלייענט נישט נאר ביי זיין אייגען פאלק, נאר אויך ביי אנדערע פעלקער").

**16) די נשמה פון א פרוי ........... סאבאטי.**

(„די פרוי, איהר בלוט, איהר וועלט, איהר מאכט, איהר ראל — דאס זענען די פעדעם, פון וועלכע עס איז מיט אזויפיל טאלענט אויסגע-וועבט געווארען דער דאזיגער מערקווירדיגער ראמאן".)

**17,18,19,20, אלעקסאנדער דער ערשטער .....**
**..................... ד. מערעזשקאווסקי.**

(„וויל מען פארשטעהן דאס גרויסע און טראגישע רוסלאנד אין זיין ערשטען קאמף מיט'ן צאריזם, אין זיין ירידה און גלאנץ, אין זיין גוטען און שלעכטען, מוז מען לייענען דאסדאזיגע גראנדיעזע ווערק, וואס איז אן אוצר פון אונשטערבליכער קונסט").

**21) די שטרעמונגען אין דער ליטעראטור פון XIX-טען יאהרהונדערט.**

(„היינטיגע צייטען איז זיך שווער פארצושטעלען א ליטעראטור, וואס אין איהר זאלען נישט איבערגעזעצט ווערען די טיפע און גלאנצפול-לע ווערק פון וועלט-בעריהמטען קריטיקער און דענקער").

**22) נאפאלעאן אין רוסלאנד . . . . היינריך ראס.**

(„היינריך ראס געהערט נישט צו יענע שרייבער, וואס האבען גע-זונגען לויבלידער נאפאלעאנ'ען, נאר ער געהט איהם בעסער נאך טריט ביי טריט און דעקט אויף די אלע טונקעלע זייטען פונ'ם גרויסען קריגס-פיהרער, אין זיין מלחמה מיט רוסלאנד. דאסדאזיגע בוך איז אונגעהויער אינטערעסאנט און שפאנענדיג פאר יעדען").